## געטאָ

לענג־אויס צעקרימטע געסלעך — די דיקע געטאָ־מויער.
דער ווינט רייסט בייז דעם שווערן, שוואַרצן שלאָס.
ס'איז מיטן נאַכט. ווער קלאַפּט? עס קלאַפּט אַ האַנט אין טויער:
שטייט אויף, געפּייניקטער, שטייט אויף צו חצות!

„שטייט אויף צו קללה אויפן שונא און צו תפילה —
שטייט אויף און קלאָגט אַרויס פון זיך דעם צאָרן און דעם גיפט;
זעט: אויפגעוויקלט איז דער הימל־רוים ווי אַ מגילה
און ס'ברענט דורך פינצטערניש די שטערן־שריפט.

„די שריפט דערציילט, דערציילט — פּאַרצייטישע באַלאַדן —
צי הערט איר נישט די טריט די שווערע דורך דער געטאָ־צוים? —
חילות... מחנות... אַנטיוכוס... נבוזראַדן...
טריומף־געשריי פון פרס און פון רוים.

„די זעלבע שטערן האָבן דעמאָלט אויך פאַרשריבן
דעם אָנהייב און דעם סוף פון קריגער־מאַרש דורך שטאָט און פעלד;
פאַרטריבן זענען די, וואָס האָבן אייך געטריבן
און איר — אין געטאָס — זענט געוואָרן: וועלט.

„דער בלוטיקער גערמאַן — דער פייניקער און צוימער —
אויך ער קאָן נישט פאַרצוימען מיט אַ וואַנט דעם אוניווערס;
זעט: ס'פאַלט אויף אים דער שאָטן פון דעם לעצטן רוימער,
די שאָטנס פון דעם יוון און דעם פּערס.

„וואָס איז אַ מויער פאַרן פאָלק, וואָס האָט צעבראָכן
די צוימען אַלע צווישן מענטש און מענטש — און מענטש און גאָט;

צעטראָגן איבער גאָרער ערד גאָטס נאָמען און בטחון
און איינגעקריצט אין אייביקייט: אחד?!

„שטייט אויף צו חצות! געפייניקט לייב און גלידער
און גאָט און שטערן זענען איינס אַצונד;
די נאַכט איז אַ שוואַרץ-טאָוולדיקער אַלטער סידור,
די גאַנצע וועלט — איין אויפגעעפֿענטע ווּנד.

„שטייט אויף צו חצות, איר שטאָלצע, גאָט-געקושטע שלעפער,
מיט געלער לאַטע און אַ האַרץ מיט בראַנד;
מיליאָנען ביי דער טעמזע, האָדסאָן, דניעסטער, דניעפער
דערהייבן זיך צום רוף מיט אייך באַנאַנד.

„שטייט אויף, געפייניקטע, צו קללה און צו תפילה
און קלאָגט-אַרוים פון זיך דעם וויי און צאָרן פון מעת-לעת,
דער הימל-רוים — אַן אויפגעוויקלטע מגילה —
די נאַכט איז גרייט פאַר חשבון און פאַר נס!"

## שמע ישראל

די מיטן־נאַכט האָט פּלוצעם אויפגעריסן מיט געשריי,
געשריי וואָס טראָגט אין זיך יאָרהונדערטער פון וויי — — — —
און פענצטער האָבן אויפגעפּראַלט זיך צו דער נאַכט,
קעפּ האָבן, פון אַ טיפן שלאָף דערוואַכט,
געזוכט דאָס קול אין פינצטערן אַרום,
וואָס איז געלעגן איינגעוויגט און שטום —
נאָר אין דער שטילקייט האָט זיך נאָך געהערט
ווי ס׳ציטערט דאָס געשריי און וויגט די ערד — — — —
ש־מ־ע י־ש־ר־א־ל !

אַן אומרו האָט אין הערצער זיך צעשפּרייט
און פּחד האָט פון יעדן לייב געוויים.
מיט יעדן נערוו און חוש האָט איטלעכער געהערט
ווי ס׳טרייסלט זיך דער אינגעווייד פון דר׳ערד
פון דורות־אַלטן יִידישן געשריי :
שמע־ישראל ! פּאַרנעם, גאָט, אונדזער וויי !
און מאַן און ווייב און יונג און אַלט און קינד
געלאָזן האָבן זיך אין גאַס אַריין — און בלינד
געטאַפּט מיט לייב און פינגער דאָס געשריי :
ש־מ־ע י־ש־ר־א־ל !

שמע ישראל — ס׳אייביקע געשריי,
וואָס רויטער איז פון בלוט און ווייסער פון דעם שניי,
גרינער פון דעם בוים און שוואַרצער פון דעם טויט,
טיפער פון דעם הונגער, שאַרפער פון דער נויט ;
קעלטער פון דעם חלף, הייסער פון דעם בליץ —
געוויין, געזאַנג און ציין־געקריץ.

דאָס קול פון מדבר און פון שייטער־פלאַם,
דאָס קול פון פאָלק, וואָס איז אי לייב, אי לאַם,
אַ האַר און קנעכט, אַ שטאָלצער און פאַרשפּאָט.
צען טויזנט מאָל געטויט — און אייביק דאָך, ווי גאָט.

הענט האָבן זיך אין פינצטערניש געשטרעקט
און איינער האָט דעם אַנדערן געפרעגט
אויף יעדער שפּראַך פון וועלט און אויפן ווינק,
מיט אַ דערשראָקן אויג און אַ צעבראָכענער צונג:
פון וואַנען קומט דאָס קול, וואָס ברייט ווי פלאַם
און בלוטיקט ווי אַ וווּנד און רוישט ווי ים?
צי קומט עס פון דער הויך, צי פון דער טיף?
פון אינדזל, צי פון זינקענדיקער שיף?
נאָר איינער האָט דעם צווייטן נישט געהערט,
געשניטן האָט דאָס קול, ווי שאַרף פון שווערד:
ש־מ־ע י־ש־ר־א־ל!

שמע ישראל!
און אין אַ שטורעם איז צעוואַקסן דאָס געשריי —
מיליאָנען קולות אין איין קול פון וויי.
צוויי טויזנט יאָרן האָבן מיט אַ מאָל
צעשריגן זיך, באַהאַפטן אין איין קול
און מיטגעשריגן האָבן תהום און רוים,
די מויערן אין שטאָט און אין דעם וואַלד דער בוים,
די כוואַליעס אין דעם ים און ס׳גראָז אין פעלד.
איין גרויס געשריי געוואָרן אין די גאַנצע וועלט:
ש־מ־ע י־ש־ר־א־ל!

## וואָס שפּילסטו זיך מיט אונדז, אָ, גאָט?

וואָס שפּילסטו זיך מיט אונדז, אָ, גאָט?
דאָס פייער, וואָס פאַרצערט אַ שטאָט,
דער פּולווער, וואָס צערייסט אַ לייב —
זיי זענען דיין — דיין צייט־פאַרטרייב.

נישטאָ איז דאָך קיין אַנדער קוואַל
פון ליכט און פרייד, פון גיפט און גאַל,
פון ווילדן אויפברויז און פון רו
חוץ דיר, אָ, גאָט — דען אַלץ איז דו.

יאָ, אַלץ איז דו און דו ביסט אַלץ:
דער בוים, דאָס גראָז, דאָס ברויט, דאָס זאַלץ
און אויך דער חלף אויפן האַלדז
און ס'חיהשע געברום דעם וואַלדס.

דיין חכמה שרייט פון פּולעמיאָט,
פון יעדער שרויף, פון יעדן ראָד,
פון יעדער באָמבע, יעדער קנויט,
וואָס שפּרייט פאַרוויסטעניש און טויט.

אין סוויסטשען פון שראַפּנעל — דיין קול.
אויף בראָך און אומגליק — אַזאַ זול.
טיילסט־אויס יסורים מיט אַ פולער האַנט
פאַר יעדן פאָלק, פאַר יעדן לאַנד.

מיך עקלט דער, וואָס ליגט אין שטויב
און שיקט דיר פאַר זיין צער אַ לויב,
אַ לויב פאַר בלוט, פאַר וויי און ווינד,
פאַר אַ געקוילעטע ווייב און קינד.

אָ, איוב, שריי מיט אונדז ס׳געשריי
פון די יאָרהונדערטער מיט וויי!
רוף גאָט און שטאַרב נאָך אַ מאָל
מיט אונדז באַנאַנד — אין יאָמערטאָל.

צי קען גאָטס שטראָף זיין מער ווי טויט?
און טויט איז ביליקער פון ברויט.
דאָס לעבן ליגט פאַרהונגערט, מאַט
און בלויז דער טויט פרעסט צו דער זאַט.

פאַרשאַפט דיר דאָס הנאה, גאָט?
הער! פון דער ברענענדיקער שטאָט
קייכט ווילד אַ חוזקדיקע שטים:
„דאָס ברענט דער צלם-אלוהים!"

## דער שטאָט־משוגענער

תקיעה, שברים... ווער בלאָזט שופר — תרועה, שברים —
אין מיטן נאַכט דאָ, אויפן געטאָ־מויער?
איך, דער שטאָט־משוגענער, שאַל איבער קברים
דעם שופר־גדול פון דעם לעצטן טרויער!

איר זענט מיר נאָכגעלאָפן אין די גאַסן,
געחוזקט און געשלעפּט מיך ביי די פּאָלעס —
און נישט געוווּסט, אַז איך, דער שטאָט־משוגענער,
בין גאָט — דער גאָט פון אומגליק און פון גלות.

אַ גאָט אין שמאַטעס, מיט אַ געלער לאַטע
און מיט אַ מגן־דוד אויפן אָרעם —
דער גאָט פון חורבות און פון שייטערהויפנס,
דער גאָט פון הונגער, טיפוס און פון קברים!

אַלע שטעט און לענדער זענען מיינע, מיינע,
אַלע טייכן, אַלע בערג און אַלע ימען;
פרעגט ביי דער לבנה אויבן, ביי די שטערן,
פרעגט אברהמען און רחלען — אונדזער מאַמען.

שטייט־אויף איר הונגעריקע, קראַנקע, וויסטע,
אַרויס קומט פון די חושכדיקע תפיסה־שטיבער;
געהאָנגענע, אַראָפּ פון אַלע תליות,
קומט, גוססדיקע — אין דעם טיפוס־פיבער!

געשאָכטענע, פאַרגוואַלדיקטע — איר אַלע,
איר, מאַנצבילן, ווייבער, אייניקלעך און זיידעס —
קומט אַלע איצט אַרויס אין גאַס, אין חושך,
און זייט אויף אַלע דורות — מיינע עדות!

זייט עדות פון מיין גבורה און מיין בשורה!
הערט! תקיעה, שברים, תרועה, שברים, שברים!
דאָס רוף איך יענעם אויבן, יענעם ווייטן,
וואָס האָט פאַר אייך נאָר אומגליק, צער און קברים.

הפקר, ווי דער ווינט, האָט ער אייך דאָ געלאָזן,
אוי, הפקר פאַר די רוצחים, פאַר די שענדער —
דער האַקנקרייצלער האָט געשפּרייט אַ קבר
פאַר אונדזער אומה איבער צוואַנציק לענדער.

און דו — וווּ ביסטו איצט, אל מלא רחמים?
אל מלא רחמים — שטיינער מוזן לאַכן!
נישטאָ קיין רחמים און נישטאָ קיין חסד —
בלויז האַס און בראַך און פלוך אויף אַלע שליאַכן!

בלויז האַס און בראַך — און איך, דער שטאָט-משוגענער,
בין גאָט, דער מלך פון מלכים;
דיין טראָן איז מיינער פון איצט אָן אויף אייביק
און מיר געהערן אַלע תפילות, אַלע שבחים!

האזינו השמים, הערט, איר הימלען,
פאַרנעם, דו ערד, מיין אויסגעשריי אַצינדער —
אני — דער גאָט פון אומזין און פון חורבן —
וועל פון דער געטאָ-מויער פלייצן ווונדער.

זעט, זעט, זיי קומען־אָן פון אַלע זייטן,
פון שטיבער און פון גריבער און פון פלאַמען!
איבער זיי — אַ פייערדיקער מגן־דוד.
אונטער זיי — צעשפּאַלטן זיך די רויטע ימען.

כ׳שפּרייט מיינע הענט אויס איבער קעפּ מיליאָנען —
און בענטש אין נאַכט און טויט די שוואַרצע עדה —
ס׳רייסט הבלם גסיסה־קול אַדורך דאָס שווייגן
און ס׳הילט אונדז איין דער פלאַם פון דער עקדה.

האָפּ־האָפּ — קומט טאַנצן, לאָמיר אַלע טאַנצן —
אָט־אַזוי — דורך פייער און דורך פלאַמען טאַנצן —
די לבנה אין דער מיטן — דרייט זיך, דרייט זיך,
ראָד און רעדער — פלינקער, פייערדיקע קראַנצן!

יתגדל ויתקדש... תקיעה, שברים — — — — —
העי, גיכער, העכער, שנעלער, פרייער, פרייער!
אַלע זענען מיר איין פלאַם — די וועלט צו צינדן,
פאַרברענט זאָל ווערן וועלט אין אונדזער פייער!

## געלע לאַטע

פּאַמעלעך לעשט זיך אויס די זון אין געלן גאָלד.
די פעלדער זייגן לעצטע שטראַלן — זאַטע;
לעצט ליכט... לעצט גאָלד... די זון אין מערב־האָריזאָנט —
אַ געלע לאַטע.

די נאַכט קומט אָן מיט שטילע, טרויעריקע טריט.
לבנה שאַרט זיך, ווי פאַרשעמט, אַ מאַטע;
לבנה געל... לבנה איבער גאָרער וועלט —
אַ געלע לאַטע.

צום הימל האַלט אַזוי געווענדט דיין שטאָלצן בליק
און מיט דיין בליק קריץ־אויס אין בלאָ די דאַטע:
יאָר ניינצן־פערציק — צייט פון ראַדיאָ, עראָפּלאַן
און געלער לאַטע.

די צייט פון האַקנקרייץ. די וועלט — אַ תפיסה־צעל.
ווער יאָמערט אַזוי עלנט הינטער גראַטע?
דאָס יאָמערט גאָט און פון זיין קלייד, ווי שכינה, שיינט —
אַ געלע לאַטע.

## איוב...

דורות לעשן זיך, ווי שטערן
און צינדן זיך שוין מער נישט אָן;
מיט קינס צייכן אויפן שטערן
זיצט אל־שדי אויפן טראָן.

איוב שטייט פאַר אים אַ שטאָלצער
און מאָנט חשבון, ווי אַ האַר —
פאַר דורות טרויער, טויט און אומגליק,
פאַר יאָרהונדערטער פון צער.

איוב הייבט אַ פויסט: „באַשעפער,
אין בלוט פון דורות זינקט דיין טראָן;
פאַר אַלע דורות מאָן איך חשבון,
פאַר שרעק און טויט קלאָג איך דיך אָן!"

שטערן לעשן זיך, ווי דורות.
שטאָק־פינצטערניש. געוויין. קאַשמאַר.
גאָט שטייג אַראָפּ פון טראָן און בוקט זיך
פאַר איובן, זיין שטאָלצן האַר.

## אַשרי האיש

אַשרי האיש —
ס'תהילימל אויפֿן טיש
ליגט אָפֿן און אַליין,
ווי אין מדבר — אַ געוויין — —
און האיש, דער מענטש איז נישטאָ
אין אַזאַ שפּעטער, פֿינצטערער שעה.

ווו איז דער מענטש?

סובמאַרינען אין דער טיפֿעניש פֿון אָקעאַנען.
אַ מייל אַ רגע איילן עראָפּלאַנען
די ראַדיאָ ליאַרעמט פֿיר און צוואַנציק שעה —
און דער מענטש איז נישטאָ.

ווו איז דער מענטש?

ס'צעקרישלען זיך, ס'צעשפּרייטן זיך אַטאָמען.
דער גאַנצער קאָסמישער פֿענאָמען
וואַרט — אַן איינגעפּרעסטער אין איין שעה —
און דער מענטש איז נישטאָ.

ווו איז דער מענטש?

אַשרי האיש —
ס'תהילימל אויפֿן טיש
ליגט אָפֿן און פֿאַרשעמט
אין דער אייביקער און וויסטער פֿרעמד
און ס'וויינט דאָס תהילימל אין שפּעטער שעה:
נישטאָ דער מענטש — נישטאָ.

# טאַנץ, טענצערין, טאַנץ!

טאַנץ, טענצערין, טאַנץ,
טאַנץ מיך, טענצערין, אויס —
אין ברענענדיקער וועלט,
אין פלאַקערדיקן הויז.

אַ טאַנץ בין איך, אַ טאַנץ,
פון ביינערנעם געפלעכט;
און אין געפלעכט — געפעכט
פון ווילדע טעג און נעכט.

אַ טאַנץ, אַ טאַנץ אַזאַ,
אַ טאַנץ פון צער, וואָס לאַכט;
אַ טאַנץ, וואָס וויינט אין פרייד,
אַ טאַנץ — נישט דאָ געדאַכט.

אַ טאַנץ בין איך, אַ טאַנץ —
אַ טאַנץ, אַ מענטש, אַ פערז;
אַ דריידל אין געדריי
פון מעשי אוניווערז.

טאַנץ, טענצערין, טאַנץ,
דעם טאַנץ פון מענטש און אות,
פון גאָרנישט און פון אַלץ,
פון אָנהייב, סוף און חצות.

אין דיין יעדן שווינג,
אין דיין יעדן בויג —
ציטער פון מיין בלוט,
פייער פון מיין אויג.

טאַנץ, טענצערין טאַנץ,
טאַנץ מיך, טענצערין, אוים —
אין ברענענדיקער וועלט,
אין פלאַקערדיקן הויז.

## ביכער

מיין שטוב איז איבערפולט מיט נאַכט און שטילקייט,
פון וואַנט צו וואַנט, פון סטעליע ביזן דיל;
נאָר ווערטער רייסן זיך צו מיר פון שאַפעס ביכער
און פאַלן אויף דער ערד, דערשטיקט און שטיל.

איך שפּאַר זיך מיט מיין גוף דורך נאַכט און שטילקייט,
פאַרעקשנט און פאַרצווייפלט — טריט נאָך טריט;
און רעד זיך אין געדאַנק דורך מיט די ביכער —
מיט דורות רייד באַהעפט זיך מיין געמיט.

רייד רייסן זיך אַרויס פון תפילה־טאָוולען —
אַ שאָרך... אַ שטילער מורמל פון אַ בלאַט;
קאָנפוציוס וויל מיר, דאַכט זיך, עפּעס זאָגן
און ס'האָט זיך עפּעס־וואָס דערמאָנט סאָקראַט.

איך הער זיך איין מיט אַלע אברים, נערוון:
שפּינאָזאַ שושקעט עפּעס צום רמב"ם — — — —
נאָר... ווערטער פאַלן טויט אין נאַכט און שטילקייט,
ווי שמעטערלינגלעך אינעם ליכט פון פלאַם.

איך טרעט אויף טויטע ווערטער פון די דורות,
געפאַנגען אין דעם שווייגן — שעה נאָך שעה;
אַזוי פיל שיינע רייד, אַזוי פיל חכמה,
אַ בוך אויף בוך — און ס'איז קיין פרייד נישטאָ!

## מוראַשקעס

ביי מיינע פיס — אימפּעריעס, וווּנדערלעכע קיניגרייכן
פון מוראַשקעס — פון דראַבנע, אָבער שטאָלצע ראַסן;
און קיניגנס און אויבערהאַרן — ווער איז זייער גלייכן?
און שקלאַפן פיל מיליאָנען, אַרבעטסזאַמע מאַסן.
אַן אייביקער געלאַף, געאייל, אַן אומאויפהערלעך יאָגן,
געביי און קאַמף, אַן אייביק שאַפן און צעשטערן,
ווי פון אַ בלינדן ווילן — צי פון געהיימען ציל — געטראָגן
דורך טויטן און געבורטס, דורך ווערן און נישט-ווערן.

וואָס טרייבט זיי, אָט די דראָבנע ברואימלעך, אין זאַמד באַגראָבן?
וואָס איז דער זין פון זייער זאַמדיק, פלייסיק קריכן?
מסתמא אויך חכמים צווישן זיי פאַראַן, וואָס האָבן
געפונען סוד און זין אין זיין פון מילבן-איכן.
צי ווייסן זיי אויך פרייד און צער, צי האָבן זיי באַגערן?
איך זע נאָר, ווי ס'באַוועגן זיך די פעלקער-שטויבן;
און איך, דער מענטש — אַ גאָט, וואָס נישט זיי קענען זען, נישט הערן
איך קוק אויף זיי אַראָפּ מיט ביטול-שפּאָט פון אויבן.

איך ווייס מיין מאַכט. זיי קענען מיין קאַפּריז, מיין ווילן נישט וווייכן.
איין נישטער מיט מיין מינדסטן פינגער, בלויז אַ גראַבל —
און ס'ווערן חרוב, אָפּגעווישט אימפּעריעס, קיניגרייכן
און פעלקער ווערן אויסגעראָט, ווי דורך אַ מבול.
אָט ברעך איך אָפּ אַ צווייג און מיש-צונויף צוויי מילבן-לענדער —
אַ ווילדע פּאַניק — טויט-געראַנגל — מאַסן-קברים — — —
איך בין אַזאַ אַלמאַכטיקער! כ'מאַך חרוב און פאַרענדער — —
קאַפּריז פון טויט און לעבן ווייגט מיין שטאַרקער אָרעם.

כ'הייב-אויף מיין קאָפּ פאַרטראַכט. און ווער איז איבער מיר, דאָרט אויבן?
צי זיצט נישט דאָרט אַ לץ אַזאַ, ווי איך — אַ גיבור —
און קוקט מיט שטאָלץ און שפּאָט אַראָפּ אויף אונדז, די מענטשן-שטויבן,
אויף אונדזערע אומשטיינס-געזאָגטע לענדער-גריבער?
וואָס איז אים אונדזער טרויער, אונדזער אומגליק און יסורים,
ווען ס'קאָרטשעט אונדזער גוף זיך און די ציינער קריצן?
אָט שיקט ער אָן אויף אונדז — אין זיין קאַפּריז — אַ חורבן-שטורעם
און לאַכט פון אונדזער צער מיט דונערן און בליצן.

אָ, מוראַשקעס! נישט איר זענט נידעריק, נישט איך דערהויבן.
איין גורל איז באַשערט פאַר מילב און מענטשן-ריזן;
ס'קען יעדע וויל צעטרעטן אונדז אַ פוס פון אויבן,
ווייל אויבן איז — נישט דין, נישט רחמים — נאָר קאַפּריזן.
פון אויבן לויערט תמיד הפקר, חורבן אומגעריכטער.
די ערד איז בלויז אַ גורל-שפּיל — אַ פּונקט — אַ ציפער;
וויי-וויי דער מילב, וויי-וויי דעם מענטש און ווייער נאָך דעם דיכטער,
וואָס פילט דעם טיפן צער פון נישטיקייט נאָך טיפער.

# אומעטום

מגדל דוד, כינעזישע מויער —
אומעטום דער זעלבער טרויער.

פירענייען, הרי יהודה —
אומעטום אַ לעצטע סעודה.

ביי ירדן, דניעפּר, דאָניי, טיבער
טראָגט זיך אונדזער קלאָג בציבור.

טויט־גרימאַסע אין יעדן שפּיגל.
בלוט פון קינדער אין יעדן ציגל.

אַ קרבן ברענט אין יעדן פייער.
אויף יעדן בוים הענגט אַ באַפרייער.

## נאָך דער שלאַכט

אַהיימגעקומען מיד פון בייזן טאָג־יאַריד
און פונעם אָוונט אין אַ רוישיקער קאַפּיי — — —
און מיטאַמאָל דערפילט דעם טרויער פון אַ ליד,
דעם ווייטיק פון אַ נישט־געשריבענעם געשריי.

אַצינד בין איך אַליין — אַליין מיט זיך און נאַכט
און ס׳דאַכט מיר: כ׳בין אַ זעלנער, וואָס האָט אויפגעוואַכט
אין וונדן, נאָך אַ שלאַכט, אַליין אין פעלד —
און פילט ווי ס׳בלוטיקט אין זיין לייב די וועלט.

ס׳איז טיפע נאַכט אין אים. און ער — אַ נאַכט אין נאַכט.
ווער האָט געזיגט און ווער פאַרלוירן האָט די שלאַכט?
דער זיגער און באַזיגטער זענען שוין נישטאָ.
ס׳איז דאָ בלויז נאַכט און טויט און הונגעריקע קראָ.

די שטערן און גלגלים גייען זייער גאַנג.
איז בלויז דער ערד־פּלאַנעט אַזוי פאַרסמט און קראַנק?
די נאַכט איז טויב און שטום. די פינצטערניש — אַ שטיין.
דער זעלנער אויפן פעלד — ווי איך אין שטוב — אַליין.

אַליין, אַליין — אויך גאָט איז ווי אַליין און שטום,
ווי איך און ווי פאַרלאָזטער זעלנער אויפן פעלד — — —
און ס׳נעמט אַזאַ רחמנות פלוצעם מיך אַרום
אויף זיך אַליין, אויף יעדן מענטש, אויף גאָט און וועלט.

## אַזעלכע אָוונטן

ס׳זענען אַזעלכע אָוונטן דאָ,
ווען שווייגן לאָדט־אָן יעדע שעה,
ווי אין אַ וועלט, וואָס נישטאָ,
ווי אין אַ וועלט — אויסגעטראַכט
בלויז אויף אַן איינציקער נאַכט.
און איך אַליין — איך און נישט איך,
אַזוי ווי אַ פרעמדער ביי זיך,
ווי ס׳וואָלטן מיך היינט נישט דערקענט
דאָס בעט און דער טיש און די ווענט — — — —
און ווען מיין שאָטן פאַלט
אויפן שפּיגל־גלאָז — גלאָצט מיין געשטאַלט
פאַרוווּנדערט: ווער איז ער, אָט־דער,
וואָס דרייט זיך אַהין און אַהער?
און איך און די סטעליע און דיל —
איין שווייגנדיק־שטומער „שאַ־שטיל".

איין שווייגנדיק־שטומער „שאַ־שטיל" —
איך און די סטעליע און דיל.

שפּאַן איך אַזוי שעה־אויס און שעה־איין
אין אָוונט פון זיין און נישט־זיין
און ס׳פאַלט אַ מחשבה מיר איין:
כ׳בין אפשר אַמאָל שוין געווען
און אַלץ, וואָס געזען און געשען,
איז עבר — אַמאָל און אַמאָל —
דערפאַר הער איך איצט נישט קיין קול,
נישט קיין שאָרך, נישט קיין קלאַנג, נישט קיין טאָן

פון דער טיר, צי פון דעם טעלעפאָן,
נישט אין זיך און נישט אין אַרום —
און ס׳זאָגט וואָס אָן ווערטער מיר, שטום:
ביסט אַ גייסט, ביסט אַ גייסט, ביסט אַ גייסט,
וואָס וואָגלט, וואָס בלאָנדזשעט, וואָס שפּרייזט —
און דו און די סטעליע און דיל —
איין שווייגנדיק-שטומער „שאַ-שטיל".

איין שווייגנדיק-שטומער „שאַ-שטיל" —
איך און די סטעליע און דיל.

וואָלט אַ ציטער געטון כאָטש אַ שויב,
וואָלט אַ מויז זיך געראָיעט אין דרויב!
נאָר... פּלוצעם גיט מיך וואָס אַ הויב.
אַזאַ כוח אַ פרעמדער, אַ שרעק,
און איך גיב זיך אַ וואָרף און אַ שטרעק
צו דער טיר, צו די טרעפּ, צו דער גאַס
און איך טראָג זיך — אַ ווילד משוגעת —
און קוק יעדן אין פּנים אַריין,
צי ער זעט מיך, צי ער ווייס פון מיין זיין — —
און יעדער פאַרוווּנדערטער קוק
און איטלעכער קלאַנג אויפן ברוק,
שרייט אויס אין מיר: ברוך-הבא!
דו ביסט דאָ, דו ביסט דאָ, דו ביסט דאָ,
ווי דער הונט, די מאַשין און דער בוים —
אַ בילד אין דעם ראַם פון דעם רוים.

אַ בילד אין דעם ראַם פון דעם רוים —
ווי דער הונט, די מאַשין און דער בוים.

# לך־לך

לך־לך — אברהם, גיי!
גיי אין זון, אין ווינט, אין שניי — — —
און אברהם נעמט דעם שטעקן,
שרה — קישנס, פאַן און בעקן
און מען וואָגלט טריט־ביי־טריט
און פון הינטן גייען־מיט:
יצחק, רבקה, יעקב, לאה,
רחל, שאָף און רינד — אַ מאה;
און מען וואַנדערט און מען שפּאַנט —
שטאָט נאָך שטאָט און לאַנד נאָך לאַנד.

משה זעט — פון סיני הויך:
אבות גייען — גייט ער אויך.
גייען אהרן און צפּורה,
גייט די שכינה און די תורה;
מרים — מיט איר פּויק פּאָרויס
און נאָך איר גייט קליין און גרויס,
שישים ריבוא ייִדן גייען,
גייען, גייען לאַנגע רייען
מיט געפּעק און מיט געזאַנג
אין געדראַנג אין ווייטן גאַנג.

הערט דער מלך שלמה טריט.
ייִדן גייען — גייט ער מיט.
שפּאַנט דער בלינדער צדקיהו,

שפּאַנט דער נביא אליהו
און שולמית, פלינק און גרינג,
שפּאַנט און טראַכט פון שלמהס רינג
און זי הערט נישט ווי ישעיה
רעדט פון פרידן, פעלקער פרייע
אין די קומענדיקע טעג —
ווי עס פירט דער וואַנדער־וועג.

וואַקסט און וואַקסט אַלץ דער פּאַראַד
פון די דורות נע־ונד —
גייט נחמיה, גייט אַביי,
רב אַבטליון און רב שמעיה,
טרומפּעלדאָר און משה העס,
גייט ר' מאיר דער בעל־נס,
גייט רב נחמן פון בראַצלאַוו,
גייען שטאָלץ חלוצים בראַווע
נאָכן בת־קול: לך־לך — —
און קיין רו איז אַלץ נישטאָ.

# לאָמיר זינגען

לאָמיר זינגען אַ געזאַנג,
שירה, שירה — אַ געזאַנג,
אַ געזאַנג —
נישט פון חוהן מיט דער שלאַנג,
נישט פון קינם שוואַרצער זינד,
נישט פון בראָך און בלוט, וואָס רינט,
נייערט שירה — אַ געזאַנג
פון דעם לעצטן-לעצטן גאַנג
צו משיחן בן דוד,
אַ געזאַנג פון פרייד און כבוד — — —
פון אור-כשדים, אַרם-נהרים
און פון גושן אין מצרים,
ביזקל קראָקע און שאַנכיי,
ביזקל ברוקלין און טערקיי,
ביזקל קריק קיין ירושלים,
דאָרט צו מאַכן אַ לחיים
מיט משיחן דעם האַר,
מיט משיחן דעם שר —
און דערפאַר
לאָמיר זינגען אַ געזאַנג,
אַ געזאַנג פון לעצטן גאַנג,
שירה, שירה — אַ געזאַנג,
אַ געזאַנג —
גאָט צו דאַנק!

## לחיים צום טויט

אַז משה איז טויט,
קאָנפוציוס, סאָקראַט,
שפּינאָזאַ און יום —
איז טויט אַזאַ פּשט,
איז חכמה דער טויט,
און אמת און דין,
איז לעבן דער טויט,
באַשיידונג און זין.

אַז טויט זענען, טויט
שולמית און רות
און קלעאָפּאַטראַ —
איז טויט אַ געזנום,
איז ליבע דער טויט,
אַן אייביקער קוש,
אַן אייביקער גלוסט
פֿאַר איטלעכן חוש.

אַז דוד איז טויט,
הלוי, ביזע,
פּעטראַרקאַ און ליסט,
ווערלען, לי־טאַי־פּע —
איז טויט אַ געזאַנג
פֿון כאָר און קלאַוויר
פֿון פֿידל און פֿלייט —
אַ שיר, מזמור שיר.

מיליאָנען יאָר טויט
מיט מיליאָנען יאָר ח"י —
מיט די לעבנס פון די,
וואָס גייען פאַרביי — — —
און ס'טרינקען די נאַכט
און דער מאָרגנרויט,
די ערד און דער ים
„לחיים" צום טויט.

„לחיים" צום טויט
מיט דורות געדאַנק,
מיט דורות געזאַנג,
מיט דורות פאַרלאַנג —
דעם מלכות פון טויט
אויף אייביק פאַרטרויט — —
דערפאַר — בלויז דער נאַר
האָט פאָרכט פאַרן טויט.

## טראָפּנס זון...

ס'איז טאָג נאָך, נאָר כ'שפּיר דורך פענצטער שוין דעם אָוונט.
לבנה גנבעט זיך אין זונס רשות אַריין;
און ס'וויגט זיך מיין געמיט איצט, ווי אַ קינד אין וויגל,
צווישן ליכט און פינצטער, צווישן זיין־נישט־זיין.

ס'ווערט טונקעלער אַלץ. מיין קאָפּ אויף ראַנד פון פענצטער
זעט זון איצט ווי אַ רויטע, בלוטנדיקע וווּנד;
פון ביכער־שאַפע קומט אַ קול: אחרימון
און אַהורא־מאַזדאַ ראַנגלען זיך אצינד.

אויף מיין דרימלדיקן קאָפּ איצט טריפן, טריפן
די לעצטע טראָפּנס זון, ווי הייסע טראָפּנס בלוט;
איך הער מיט אַלע חושים ווי גאַטאַמאַ בודאַ
און דער שפּאָלער זיידע פירן אַ דיספּוט.

דער שפּאָלער זיידע שמייכלט ליב: „אונדז האָט געלערנט
ישראל דער בעל־שם, אַז אַלץ איז לויטער פרייד;
די פרייד, דער קוואַל, וואָס טרינקט־אָן אַלע וואָרצלען
פון בוים און מענטש, פון גראָז און פון רייד”.

זאָגט בודאַ שטיל: „ס'איז אַלצדינג לויטער דימיון,
די זון, די שטערן און דעם הימלס פאַרב;
טו־אויס זיך פון די ערדישע הנאות,
באַהעפט זיך מיט דעם גרויסן גאָרנישט — שטאַרב!”

כ'הייב אויף דעם קאָפּ. די שטוב איז פול מיט חלום.
איך לויף אַרויס צו שטערן און לאַמטערן־שיין;
און ס'דאַכט מיר: יעדער מענטש איז אַ בעל־שם־טוב,
נאָר איך, ווי בודאַ, וואָגל אין נישט־זיין...

## פּראָצעסיע

פֿאָנען פֿלאַטערן, פֿאָנען —
פֿאָנען פֿון אַלע פֿאַרבן;
אַ שיף קומט־אָן אין האַפֿן,
איר פֿאָן — אַ טויטער שאַרבן.

מחנות מאַרשירן, מחנות —
טריט וויינען, מאָנען, בעטן;
פֿאָרויס דריי פּייקלערס ציִען,
דריי פּייקלערס — דריי סקעלעטן.

די פּויקן — פּויקן, פּויקן,
די מחנות שפּאַנען, שפּאַנען;
בום־בום — פֿון וווּ? פֿון וועמען?
בום־בום — וווּהין? ביז וואַנען?

לעפֿצן ציטערן, לעפֿצן.
אין שטומקייט קעפּ געבויגן;
נאָר באַראַבאַנען רוישן,
נאָר לידער אין די אויגן.

פֿאָנען פֿלאַטערן, פֿאָנען —
פֿאָנען פֿון אַלע פֿאַרבן;
די זון פֿאַרגייט. די מחנות
מאַרשירן ערגעץ — שטאַרבן.

# יעקב גייט

ויצא יעקב — יעקב גייט,
ווערט אויף וועגן אזא פרייד.
אזא פרייד, אזא געזאנג —
אין זיין גאנג.

פון באר־שבע ביזקל חרן
בלאזט דער ווינט, ווי אין א האָרן:
מאַכט א וואַרע, זייט געגרייט —
יעקב גייט!

בייגן ביימער איין די צווייגן
מיט די טייטלען, נים און פייגן —
כיבוד פיינעם, ווי עס פאסט
אזא גאסט.

זינגען זאַנגען אים א זמר.
קינדער, רינדער, עופות, לעמער
הוליען — טוליען זיך מיט פרייד
צו זיין קלייד.

קוועלן קוואַלן, לאַכן זאַכן —
שטויבן, דרויבן אויף די שליאַכן.
און ס׳באַגלייט דעם פאַסטעכם פלייט:
יעקב גייט!

## מלחמה...

אויף יענער זייט ים איז דער קריג.
אויף יענער זייט ים שרייט דער האַס.
און איך ליג אין שטוב דאָ און ליג
און האָרך צו דעם רויש פון דער גאַס.

איך האָרך צו דעם רויש פון דער גאַס
און איך שפיר מיטן בלוט און געביין:
אין מיר איז דער קריג און דער האַס,
אין מיר איז דאָס חורבן־געוויין.

אין מיר איז דאָס חורבן־געוויין,
אין מיר טריאומפירט דער טויט.
מיין שונא — דאָס בין איך אַליין
און צעשמעטער, וואָס איך האָב געבויט.

איך צעשמעטער, וואָס איך האָב געבויט
און קוועל פון מיין אייגענעם שפּאָט;
איך ווייס, אַז ס'איז עמעצער טויט,
נאָר כ'ווייס נישט, צי איך, אָדער גאָט.

## באַהעפטונג

צי וויל דאָס גרעזל זיין אַ וואַלד?
איך וויל זיין — מיליאָנען;
איך וויל מען זאָל אין מיין געשטאַלט
מיין אייביק פאָלק דערקאָנען.

ווער וויים, צי איינזאַם איז אַ גראָז
צווישן אַלע גראָזן;
נאָר איך בין איינזאַם ווי אַ האָז
אין נאָרע ווו, פאַרלאָזן.

איך האָב געוואָלט אין זיך אַליין
די גאַנצע וועלט באַהאַלטן;
געזען בלויז אייגענעם געביין
אין אַלערליי געשטאַלטן.

נאָר ווען אומגליקן און צער
באַלאַגערן מיין טויער —
שטיי איך אַ הילפלאָזער, אַ נאַר,
אָן טרייסטונג אין מיין טרויער.

שווער צו זיין איין גראָז אין פעלד,
איין בוים, אָן ברידער־ביימער;
און שווערער נאָך — אַ מענטש אָן וועלט,
אַ וויטער, אַ געהיימער...

כ׳וויל באַהעפטן זיך מיט מער,
מיט פאָלק אין אומגליק קלאָגן;
און נאָך מיין טויט זאָל וויינען ווער
און קדיש נאָך מיר זאָגן.

## בריוו

די לופט אין צימער ווערט דינער,
די נאַכט איז שווער און טיף;
איך זיץ ביי דער לאָמפּ און לייען
אַלטע, צעקנייטשטע בריוו.

די שטוב ווערט פול מיט געשטאַלטן,
אַ קול אַ ווייטער רופט;
איך פיל ווי הינטער די פּלייצעם
אָטעמט ווער קאַלטע לופט.

די לאָמפּ פאַרלעשט זיך. און פינצטער
ווערט אין מיר און אין הויז;
און אויגן, ווי פייער־פליגן,
לייכטן־אויף — לעשן זיך אויס.

ביים שכן זינגט איצט אַ מיידל
אַ לבנה־מאָטיוו;
איך שרייב ביים שיין פון לבנה
אַן ענטפער אויף אַלטע בריוו.

## לוויה

איך גיי נאָך מיין אייגענער לוויה
און לופּטיק און ווינטיק־גרינג איז מיין שפּאַן;
מיטן ניגון פון אָמר־אביי
ווײנט אַן אומבאַקאַנטער מאַן.

די גאַסן, ווי וואָלקנס רויך און נעפּל,
גיסן זיך צונויף מיט הימלשן סטעפּ;
די זון — אַ גרויסער, גאָלדענער עפּל —
וויגט זיך, וויגט זיך איבער קעפּ.

קעפּ צינדן זיך אָן אין לעצטן פלאַקער,
פעלד לויפט אַנטקעגן, געשאָכטן, רויט;
אין ווייטן ווו — אַ מאַן מיט אַן אַקער
פאַרפלאַנצט קערנער — פרישן טויט.

מויערן לעשן זיך אויס, ווי ליכטער
און ס׳פאַרלעשט זיך אויך דאָס פרעמדע געוויין:
אין רויך צערינען טריט און געזיכטער
און לופּטיק שפּאַן איך אַליין.

# ברידער

אין איטלעכן איינעם פון אונדז,
אין אונדזער געביין, אין די גלידער —
געראַנגל פון פיינטלעכע ברידער.

אין שטילקייט פון תאוותשער נאַכט
צערייסט אונדז דאָס בלוטיקע שרייען,
דער יאָמער פון הבל און קין.

ס׳צעטרייסלט אונדז עשוס געברום
און יעקבס פרום־האַרציקע תפילה —
קול צדיק און קול פון גאַרילע.

מיר זענען אויך יוסף אַמאָל
און זיינע פאַרקויפער, די ברידער —
דערפאַר וויינען אונדזערע גלידער.

## וישמח משה

וישמח משה —
ס'האָט זיך משה געפרייט
מיטן אייגענעם גוף,
מיט די אייגענע רייד,
מיט די שטערן אין רוים,
מיטן גראָז אויף דער ערד,
מיט אַלץ, וואָס איז דאָ,
מיט אַלץ, וואָס באַשערט.

וישמח משה —
ס'האָט זיך משה געפרייט
מיטן מדבר, וואָס האָט
פאַר זיין בליק זיך געשפרייט,
מיטן כוח אין אים,
וואָס דערקענט האָט, דערקענט
דעם אייביקן פלאַם
אין דאָרן, וואָס ברענט.

וישמח משה —
ס'האָט זיך משה געפרייט
מיט דער שליחות, וואָס האָט
אין אים זיך געגרייט — — —
און דער גאַנצער אָרום
האָט געגרייט זיך מיט אים
צו האָרכן זיין וואָרט,
צו צעטראָגן זיין שטים.

# אַ חלום

אַ שוואַרצער ים פון נאַכט נעמט מיך אַרום פון אַלע זייטן
און ס׳שווייגט די פינצטערניש עקשנותדיק און האַרט —
ווי ס׳וואָלט דאָס שווייגן און דאָס פינצטערניש פון אַלע צייטן
מיט אָטעמס איינגעהאַלטענע געוואַרט —
געוואַרט — אויף וואָס? אויף אָנהייב, אָדער סוף, צי אפשר נס?
קיין קול פון ערגעץ נישט, קיין שאָרך, קיין ווייטער בליאַסק פון ליכט —
אַן אוניווערס — אַ פינצטערער, אַן אימהדיקער מת,
אַן צלם-אלוהים, אָן פאָרעם, אָן אַ געזיכט.
און ווער בין איך דאָ דער, וואָס זוכט און פרעגט אָן ווערטער, שטום?

איז דאָס דער טויט? איז דאָס דער גורל פאַרן מענטש באַשערט —
צו ווערן אַ שטיק פינצטערניש אין פינצטערן אַרום
נאָך זיין געפייניקטער נסיעה אויף דער ערד?
און ס׳קומט אויף מיר אַ קול אַזאַ, אָן קלאַנג, אָן מינדסטן פלאַטער,
ווי טיף פון זיך אַליין צו זיך אַליין געווענדט:
דו ביסט אַ חלומער אין שוואַרצן קאָסמישן טעאַטער —
האָסט אויפגעוואַכט און האָסט די וואָר דערקענט,
די וואָר פון גאָרנישט זיין — חוץ אייביק-שווייגנדיקע נאַכט,
אַ נאַכט, באַזייט מיט גייסט-אַטאָמען, זעלישע ווי דו —
וואָס חלומען, דערוואַכן, שלאָפן-איין אין חושכדיקן טראַכט —
צו חלומען אויפסניי — אין מיטן גליווערדיקער רו —
פון וועלט-געשטאַלט און מענטש-געברויז און דורותדיקן גאַנג,
פון אייביקן געראַנגל, שאָטן-שפּיל און שטערן-שיין —
אַטאָמען-חלום בלויז אין ניט-געשטאַלטיקטן געדאַנק —
שלאָף איין, שלאָף-איין און חלום נאָכאַמאָל — פון זיין.

## צווישן שטערן

ס׳זענען קיינמאָל נישט געווען אַזוי פיל שטערן
ווי אין יענער ווייסער ווינטערדיקער נאַכט,
ווען איך, אַ דרייצן־יאָריקער, ווי נאָר־וואָס אויפגעוואַכט,
ווי אַ געקומענער — ווער ווייס פון וואַנען —
בין אַ פאַרכישופטער אין מיטן הויף געשטאַנען,
אַ קליינינקער, אַן עלנטער, צווישן אַלע שטערן —
און געוואָלט פאַרשטיין,
וואָס קיינער האָט נאָך נישט פאַרשטאַנען.

אַרומגעהילט פון נאַכט און שניי און שלאָף און שווייגן,
האָט זיך געריסן אַ געשריי פון מיר, אַ רוף,
נאָר שטיל ווי אַלץ אַרום פאַרבליבן איז מיין קליינער גוף —
און מיטאַמאָל האָב איך בחוש באַנומען,
אַ קליינינקער, אַן עלנטער צווישן אַלע שטערן —
און געוואָלט פאַרשטיין,
וואָס קיינער האָט נאָך נישט פאַרשטאַנען.

## דער אַלטער אַקטיאָר

דער טרויעריקסטער מענטש —
דער אַלטער, איינזאַמער אַקטיאָר:
אין פרעמדע לעבנס אויסגעשפּילט,
פאַרשפּילט זיין וואָר.
געוויינט, געלאַכט, געצאָרנט
מיט פרעמדן טרויער, פרייד, פאַרדראָס —
אַזוי פיל מאָל געשטאָרבן —
אין הילכיקן אַפּלאָוז.

איצט, אַז אַלע לאָמפּן
זענען אויסגעלאָשן, קאַלט,
דערשרעקט אים אין דער פינצטערניש
ס׳אייגענע געשטאַלט.
מיט בלינדע שטייפע פינגער
באַטאַפּט ער ס׳בעט, זיין לייב, די קני —
און פרעמד און אומפאַרשטענדלעך
זעט אויס אים די רעזשי.

די ברעמען פאַלן־צו,
אַ פאָרהאַנג איבערן אויג;
דער ווייסער קאָפּ — אַ ציטער,
ווי אין פאַרנויג;
אַ לאָמפּ לייכט־אויף אין נעפּל,
פון ווייט — ווי אַן אַפּלאָוז,
און באַלד — ווי פליגל־פלאַטער,
ווי ווייכע טריט אין גראָז.

# אַ קלויזניק

אַז אַ קלויזניק גייט אַרוים אויפֿן פֿעלד,
איז פֿאַר אים די גאַנצע וועלט
חומש און רש״י און גמרא.
אין רוישן פֿון ווינט הערט ער בפּירוש
אַ פּירוש,
אַ סברה.
אַרום און אַרום אים איז — לויטער חידושים
פֿאַר זיינע חושים,
דעם מוח צו שאַרפֿן.
אַן אַלטער טאָפּאָל צווישן פֿעלד און וואַלד
נעמט-אָן ס׳געשטאַלט
פֿון רב טרפֿון.
פֿון בלעטער-געשאַרך, פֿון וואַסער-קוואַל
דערטראַגט זיך צו אים אַ מאמר-חז״ל —
און ס׳גאַנצע פֿעלד איז ביי אים אַזוי גלאַט
ווי פּשט —
און אויפֿן פּשט האָט ער אַ פּשטל,
אַ האַרבע סוגיא — אין יעדן בלעטל,
אין יעדן שאַרפֿל גראָז —
יקנה״ז.
אין די כריזאַנטעמעס
זעט ער אַ רמז
כי אמת
מארץ תצמח —

דער אמת שפּראַצט אַרויס
פון ערדישער שוים
און אין אַלצדינג, וואָס ווערט און וואָס איז,
אין מענטש און אין ווערעמל אונטער די פיס,
אין פלאַטערן, פליסטערן, שפּראָצן —
כביכולם רצון.

## ה׳ אייר, תש״ח

די שעהען — שעהען, אָנגעפּראָפּט מיט כוח פון צוויי טויזנט יאָר,
מיט דבורהס ליד און איכה־צער און לידער פון חלוצים־דור —
זיי האָבן אימפּעטיק ווי אייזבערג ווען צעגליט אין זוניק ליכט,
ווי שרפה־פלאַם וואָס שפּרינגט פון בוים צו בוים — אין וואַלד געדיכט —
אַראָפּגעלאָזט אויף מיר זיך מיט גערויש און רעש — אויף מיינע ווענט:
די שעהען, אויסגעבענקט אין סידור און אין פייערן געברענט
די שעהען, ווען די וואָר ווערט חלום און דער חלום ווערט אַ וואָר,
ווען נס און חורבן שטייען אונטער גאולה־חופּה, ווי אַ פּאָר.

געשאַל פון שופרות פון די הרי־ציון און פון יעדן לאַנד,
ווו ס׳קלאַפּט אַ יידיש האַרץ און דאָרט ווו קראָען קראַקען נאָכאַנאַנד
אויף דעם מיליאָנען־גרוב פון אונדזער פאָלק, פון קינד און מאַן און ווייב,
אויף טויט, וואָס לעבט אַצונד אין איטלעכן פון אונדז אין אונדזער לייב.
איך הער אין מיינע דלד אמות איצט דאָס מאַכטיקע געשריי,
געמישט פון גאולה־יובלעריי און גרוילנדיקן גסיסה־ווײ — — —
פאַרוואָס זיץ איך אַן איינזאַמער אין שטוב איצט, צווישן גראָע ווענט,
ווי כ׳וואָלט דעם אַלטן סיני־גאָט, דעם גאָט פון נסים נישט דערקענט?

צי האָב איך נישט מיט אַלעמען געהאָפט, געבעטן און געגאַרט,
מיט אַלע דורות דורך נסיונות שווערע אויפן נס געוואַרט?
פאַרוואָס בין איך אַליין מיט זיך איצט און פאַראַבלט אין געוויין?
פאַרוואָס?... און כ׳שריי אַרויף צום הימל און נאָך מער צו זיך אַליין:
דער גאָט פון דער עקדה וואָס האָט איובן מיט קרעץ געשענדט
און זעקס מיליאָנען איובס היינטיקע ווי בלינדע שאָף פאַרלענדט,

דער גאָט, וואָס שפּרייט דעם וועג צום נס מיט מאַסן־טויט אויף יעדן שפּאַן —
איז פרעמד מיר, פרעמד — ווי ס׳איז מיר פרעמד דער ייד פון פּעץ און קורדיסטאַן.

איך רעד צו זיך — איך בעט צו זיך — מיט תהילים־תפילהדיקן וואָרט:
אַנטלויף, אַנטלויף, געפּייניקטער, אַנטלויף פון דיין פאַראיינזאַמט אָרט,
פאַרגעס דעם חורבן־וויי און טרייב פון זיך אַרויס דעם וויסטן טויט
וואָס יאָמערט פון דיין בלוט אַרויס, פון דיינע נערוון און דיין הויט
און לאָז זיך פריידיק אין אַ האָראַ־טאַנץ מיט יונג און אַלט אַצונד!
איך גיב מיט גאַנצן כוח זיך אַ ריס, ווי פון דער קייט אַ הונט — —
און פאַל צוריק צום דיל, ווי ס׳פאַלט פון הויכן באַרג אַראָפּ אַ שטיין — — -
טרעט, טרעט מאַרשירערס, איבער דעם, וואָס בלייבט אין דורות־מאַרש אַליי·

## דער איינזאַמער

דער איינזאַמער ליגט טויט אין הויז
און ס'וויים דערפון דאָס מייזל בלויז,
וואָס שפּרינגט אַרוים, אַריין, אַרוים.

ס'קלינגט־אָן אין טיר דער פּאָטשטאַליאָן.
אַ בריוו פון אויסלאַנד! — זאָגט ער אָן.
ס'צעפילדערט זיך דער טעלעפאָן.

און באַלד איז ווידער שטיל אין הויז.
דאָס גראָע, פלינקע מייזל בלויז
צעשטערט די טויטע רו אין הויז.

*

יעדן שבת — וואָך־איין און וואָך־אויס —
קאָפּ אויף קאָפּ אין דער שוסטערשער קלויז.
נישט נאָר שוסטערס — אויך טעפּערס און שמידן
און סתם באַלעבאַטישע ייִדן,
אויך רב פּתחיה — אַ נגיד אַ יוסטער —
אַלץ קומט הערן רב יוחנן שוסטער.
און ס׳קוועלן
די שוסטער־געזעלן
ביים פענצטער, ביים טיר, אויף די טרעפּ:
„ס״קלאַפּט אַ שוסטער אַריין אין די קעפּ
גאָטס תורה, גאָטס הייליקע שריפט —
אַ שטיפט נאָך אַ שטיפט״...

## א.
## דער עיקר

אמר רב יוחנן הסנדלר,
זאָגט רב יוחנן דער שוסטער:
די תורה אָן ייִדן,
איז ווי אַ שוך אָן אַ מוסטער.

אַ ייִד אָן דער תורה,
איז אַ באָרוועסער קריכער,
וואָס צעבלוטיקט די פיס זיך
און זיין גאַנג איז נישט זיכער.

רב יוחנן לאַסטשעט
מיט ליבע די לעדער — —
ויאמר: שיך און שטיוול
גייט אָנגעטאָן יעדער.

אָבער נישט דער שטיוול,
נישט דער שוך איז דער עיקר:
דער עיקר דער גאַנג איז —
צי אַ גלייכער, צי שיכור.

און נישט אַזוי דווקא
דער גאַנג — ווי דער אופן:
טייל פיס טרעטן לאַנגזאַם
און אַנדערע לויפן.

ויאמר... דעריבער
טו איך אייך דאָ זאָגן:
ווער ס׳שפּאַנט און ווער ס׳איילט זיך,
וועט אַלצאיינס נישט דעריאָגן.

נישט שפּאַנען, נישט איילן,
נישט וואַקלען זיך שיכור:
דער עיקר — דאָס וויסן,
דער ציל איז דער עיקר.

נישט דער שטיוול איז שולדיק,
אויב דער וועג איז אַ שלעכטער,
נאָר דער פוס — און דער שכל,
וואָס דאַרף זיין וועכטער.

נישט די תורה איז שולדיק
אין דעם שלעכטס דעם געדיכטן —
נאָר דער מענטש, וואָס ער ווייסט נישט
זיין וועג ווי צו ריכטן.

ב.
## שטיוול

אמר רב יוחנן הסנדלר,
זאָגט רב יוחנן דער שוסטער:
דער בעסטער און דער שענסטער שטיוול
איז אָן א פּוס — א פּוסטער.

דער שטיוול, ווי דאָס איז ידוע,
איז פֿאַרן פּוס געגעבן;
דער פּוס ערשט גיט דעם שטיוול
פֿלאַטער, דופק, לעבן.

אונדזער וועלט איז אַזאַ שטיוול.
וואָס וואָלט וועלט געווען אָן מענטשן,
וואָס זאָלן דעם באַשעפֿערס ווונדער
באַוווּנדערן און בענטשן?

ג.
## מזמור שיר לשוסטער

אַזוי ווי כביכול
אויף זיין שטול —
אַזוי איז דער שוסטער
ביים קאַפּול.

שטיק לעדער אָן פאָרעם,
אָן געשטאַלט — —
תוהו־ובוהו —
אָבער — באַלד — —

דער שוסטער, דער מייסטער,
פלינקע האַנט — —
די לעדער קריגט פאָרעם,
קריגט פאַרשטאַנד.

די אָל און די דראַטווע
און געדאַנק —
באַגלייט פון שוסטערלס
פרייד־געזאַנג — —

אַ שיכל, אַ שטיוול,
אַ סאַנדאַל;
אויפן שוסטערלס פּנים
שפּילט אַ שטראַל.

אין שוסטערלס אויגן
חלום שפּינט:
באַשוכט זענען אַלע,
מאַן און קינד.

באַשוכט זענען אַלע —
דאַנק און ליב!
אַ שיכל פון לעדער,
מענטש פון שטויב.

העמערל, העמערל
פלאַטערט, ברענט — —
אַ שיכל, אַ ברכה
וואַקסט פון הענט.

אַ שיכל, אַ תּפילה,
טריט און טראָט — —
אַ זמר צו מענטשן
און צו גאָט.

ד.
## חכמה

קוק זיך גוט אַרום, בן־אדם,
צו דער ערד און צו דעם הימל:
וויפל חכמה, וויפל שיינקייט
איז פֿאַראַן אין קלענסטן בלימל.

וויפל חכמה, וויפל שיינקייט
אין דעם שטיינדל און אין גרעזל;
אין דעם וואַסער־טראָפּ, אין פֿויגל,
אין דעם קראָליק און אין העזל.

ס׳קלענסטע איז ביים בורא־עולם
אַזוי חשוב ווי דאָס גרעסטע;
ס׳נידעריקסטע, ווי דאָס העכסטע,
דאָס געמיינסטע, ווי דאָס בעסטע.

ווי ביים מענטשן איז גלייך חשוב
יעדעס גליד זיינס, אַלע גלידער;
ווי אַלע אותיות און ווערטער
זענען הייליק גלייך אין סידור.

וואָרן אַלץ איז איין האַרמאָניע,
אַלץ פֿאַרוועבט איז אין גאָטס מוסטער — — — —
אַזוי זאָגט אני הקטן,
איך, רב יוחנן דער שוסטער.

ה.

## שלמות

זוך נישט שלמות — נישט אין שלמות,
נאָר אין ווייטער, העכער שטרעבן,
אין דעם ווילן צו גרייכן שלמות
אין דעם תכלית פון דעם לעבן.

לערן, מענטש, דערפון אַ מוסר;
וואָס דו זאָלסט אַזוינס נישט טוען —
טו מיט חשק און מיט שכל,
וועט אויף דיר גאָטס חסד רוען.

איז באַשערט דיר זיין אַ שוסטער,
צי אַ בלעכער, צי אַ פּויער;
רב, צי וועבער, שמיד, צי בעקער,
צי אַ שומר פאַרן טויער —

טו מיט ליבע דיין מלאכה,
לייג דערין אַריין דייַן רצון —
און גאָטס חכמה און זיין ברכה
וועלן פון דיין אַרבעט שפּראָצן.

יעדע אַרבעט גרויסט גאָטס נאָמען,
יעדע מי באַשיינט גאָטס מוסטער — — —
אַזוי זאָגט אני הקטן,
אייער יוחנן דער שוסטער.

ו.

## שכנים

איך זאָג דאָס אייך און יעדן איינעם,
אייך אַלע, וועמען ס׳איז באַשערט
צו זיין פֿון וויג ביז קבר שכנים
דאָ, אויף דער ערד:

אונדז אַלע איז באַשערט צו טיילן
דעם יאָך פֿון לעבן און פֿון טויט;
און יאָרן, טעג און שעהען ציילן,
ווי לאַבנס ברויט.

די ערד האָט גאָט מיט גנאָד געגעבן
פֿאַר אַלע מענטשנקינדער גלייך;
און ווער עס טוט אויף יענעמס לעבן
דאָ ווערן רייך —

און ווער עס פּילט נישט יענעמס טרויער
און דעם באַוווּלהטנס געוויין —
ווערט אַ פֿאַרשעמטער פֿאַר גאָטס טויער
אויף אייביק שטיין.

ז.

## לויב צו גאָט

אַ דאַנק דיר, גאָט, וואָס איך בין דאָ,
וואָס דו האָסט אין דיין גנאָד באַשערט,
אַז איך זאָל זיין אַ לעבנס־טראָפּ
דאָ, אויף דיין וווּנדערלעכער ערד.

אַ דאַנק דיר, גאָט, וואָס כ׳בין אַ מענטש
און נישט קיין חיה, נישט קיין פלאַנץ —
און כ׳קען דיר דינען מיט פאַרשטאַנד
און מיט האַרץ — אין גלויבן גאַנץ.

אַ דאַנק דיר, גאָט, וואָס כ׳בין אַ ייִד
און נישט קיין הייד, וואָס דינט צום געץ —
און כ׳האָב דעם זכות צו טראָגן שטאָלץ
דיין סיני־וואָרט און דיין געזעץ.

אַ דאַנק דיר, גאָט, וואָס ס׳איז מיין שפּייז
אויף אַ מלאכה אָנפאַרטרויט —
און כ׳דאַרף נישט פון דיין תורה־קוואַל
פאַרדינען זיך מיין טעגלעך ברויט.

ח.

## באהבה

דער ייִד, וואָס איז צו גאָט מתפּלל
אױס מורא פֿאַר אַ בייזן גזר,
ווי דער, וואָס זינגט צום בורא הלל,
דערוואַרטנדיק דערפֿאַר אַ שׂכר —

דער איז אין האַרץ אַ געצנדינער,
אַ הייד, וואָס קען נישט גאָטס געשטאַלט —
זײַן תּפֿילה איז נישט מער, נישט מינער
ווי ס'וואָיען פֿון דעם וואָלף אין וואַלד.

בלויז דער, וואָס פֿילט אין זײַנע ביינער
אַ נאָנט באַהעפֿטעניש מיט גאָט —
האָט אין געדאַנק — אַ לויטער־ריינער —
דערגרייכט די טיפֿן פֿון אֶחָד.

אַזוינער בלויז דינט גאָט באהבה,
ווי ס'דינט אונדז גאָט אין יעדער שעה,
זינט ערשטע טעג פֿון אָדם־חוה,
זינט ערד איז שוואַרץ און הימל בלאָ.

דען ס'דינט אונדז גאָט מיט זון און רעגן,
מיט ברויט, מיט גרינסן און מיט פּרוכט,
מיט אַ פֿאַרשטאַנד צו טראַכטן, פֿרעגן
און מיט אַ גייסט, וואָס פֿאָרשט און זוכט.

באַפרייט דעריבער ס׳האַרץ פון שרעקן,
ווי פון דער גלוסטעניש נאָך שכּר —
ס׳וועט דעמאָלט זיך אין אייך אַנטפּלעקן
דער פולער זין פון פרייד און צער.

ט.

## בראשית

בראשית ברא אלוהים.
אומעטום כביכולם שטים.
תוהו, הערט זיך צו צו אים.

אָט איז גאָלער נישט — נישטאָ.
מיטאַמאָל — אַ וועלט איז דאָ —
אין אַ מזלדיקער שעה.

ערד און הימל, בלאָער דאַך.
שטערן, שטערן — אַזאַ סך,
ווי די אותיות אין תנ"ך.

אדם — איינס און חוה — צוויי.
ערשטער האָן גיט ערשטן קריי.
ערשטע הון לייגט ס'ערשטע איי.

אָט אַ באַרג און באַלד אַ טייך,
הויך און נידער, קרום און גלייך,
ווי אין אונדז, אין מיר, אין אייך.

ס'ערשטע פעלד האָט זיך צעבליט,
זון האָט קוים זיך ערשט צעגליט —
און אָט וואָגלט שוין אַ ייִד.

ערשטע זינד און ערשטע שטראָף
און אַז גאָט זעט-איין: כי-טוב —
וועט אַלץ גוט זיין — סוף-כל-סוף.

י.

## תהילים

Consolator

למנצח מזמור שיר,
מזמור שיר לדוד —
אַזוי שיין געזונגען
האָט אונדזער מלך דוד
און ביזן כסא הכבוד
גרייכט דודס מזמור שיר
און ביז דער מינדסטער טיר
פון מינדסטן קבצנס הויז,
ביז וואַרשטאָט און ביז קלויז,
ביז שומר אויפן באַרג,
ביז קרעמער אויפן מאַרק — — — —
און אַלע זאָגן תהילים
מיטן מלך דוד —
פאַר כביכולס כבוד,
פאַר מענטשנס כבוד — — — —
מזמור שיר לדוד —
אַלע ייִדנס תהילים,
אַלע מענטשנס תהילים,
אַלע וועלטנס תהילים — — — —
תהילים — אַ געזאַנג,
תהילים — אַ גערדאַנק,
תהילים אַ געוויין,
פון יעדן חוש אוןביין.
תהילים — רוף און שבח
פון איינעם און אַ סך,
פון אַלע און אַליין —

און זיבן טויזנט חן
האָט אונדזער זיסער תהילים —
לאָמיר זאָגן תהילים,
מזמור שיר לדוד,
מזמור, מזמור שיר —
ווויל איז אייך און מיר!

יא.

## צלם אלוהים

זיצט רב יוחנן הסנדלר ביים קאַפּול,
ווערט ס'הויז מיט האַמער־קלעפּ און תורה פול.
אַ שווינג דעם האַמער און צום ווייב אַזוי:
ווי ס'לעכצט דער מאַנצביל נאָך דער פרוי
און ווי די פרוי לעכצט נאָכן מאַן —
אַזוי לעכצן אַלע זאַכן, וואָס פאַראַן,
נאָך דעם באַריר פון מענטשנס הענט,
נאָכן אָטעם זיינעם, נאָך זיין שטים
און דורך דעם מענטש — צום סנה, וואָס ברענט,
צו חלק צלם־אלוהים.
ווייל אַלץ וויל האָבן אַ געשטאַלט —
דער שטיין, דאָס שטאָל, דער וועג אין וואַלד,
די לעדער, ס'אייזן און דאָס ברעט.
פון אַלצדינג טראָגט זיך אַ געבעט:
בן־אָדם, גיב אונדז פאָרעם, גיב אונדז תוך,
לייז אונדז אויס פון טויטן יאָך.
ליבערשט זיין אַ פליג, אַ מילב,
אָדער אין אַ ליד אַ זילב,
איידער זיין אַ באַרג, פאַרגליווערט, שטום
אין דער לעבעדיקער וועלט אַרום.

און דערפאַר
ציט יעדע זאַך מיט גלוסטעניש און צער
צום מענטש, צו זיין באַריר און שטים,
זיך צו מזווג זיין מיט אים,
כדי דורך אים געפינען תיקון דאָ

כאַטש אויף חַיי־שָׁעה.
דעריבער לאַסטשע איך די לעדער,
קלאַפּ־אויס אַ שיכעלע — אַ מוסטער —
און זאָג תורה — ס׳זאָל געניסן יעדער,
ווי איך, רב יוחנן דער שוסטער.

יב.
## קלאַפּ, העמערל

קלאַפּ, העמערל, קלאַפּ —
קלאַפּ־אויס דאָס געזאַנג
צום שעפער פון אַלץ
און צו זיין געשאַנק.

קלאַפּ, העמערל, קלאַפּ —
קלאַפּ־אויס דאָס געבעט
פאַר אָרעמעלייט
אין דערפער, אין שטעט.

קלאַפּ, העמערל, קלאַפּ —
קלאַפּ־אויס דאָס געוויין
פון אַלץ, וואָס איז שטום,
פון גראָז און פון שטיין.

קלאַפּ, העמערל, קלאַפּ —
קלאַפּ־אויס דאָס געזאַנג
צום גואל — אַז גרינג
זאָל זיין אים זיין גאַנג.

יג.

## הייליק

אַלע טעג זענען הייליק,
יעדער טאָג האָט אַ חלק
אין מי פון יצירה.
אַלע טעג זינגען שירה —
דורך אַרבעט, דורך מי —
צום בוראס יהי.

יעדע שירה איז הייליק.
אינעם כאָר האָט אַ חלק
דער סטאָליער, דער בויער,
דער שוסטער, דער פויער,
דער טעפּער, דער שמיד —
אַזאַ וווּנדערלעך ליד.

אַלע טעג זענען הייליק.
יעדער טאָג האָט אַ חלק
אין שבת, די כלה,
אין טאָג איבער אַלע,
וואָס ברענגט אונדז די רו
פון גאָט ברוך־הוא.

ווי וווּיל איז אונדז, ייִדן,
בני־תורה און שמידן
און שוסטערס און וועבערס
און טעפּערס און גרעבערס,
וואָס אונדז איז באַשערט
גאָטס שבת אויף דר'ערד.

יד.

## נישט קיין חילוק

ניִשט קיין נידער, נישט קיין העכער,
ס׳איז דער ווײַן און נישט דער בעכער.
נישט קיין חילוק: אונטן, אויבן,
אויב אין האַרץ איז גאָט און גלויבן.

אַלע שטאָקן אין אַ בנין,
אַלע ייִדן אין אַ מנין,
אַלע פונקען אין אַ פײַער
זענען נײַטיק גלײַך און טײַער.

ס׳נעמט מיליאַרדן זאַמדן, שטויבן,
אַז אַ באַרג זאָל זיך דערהייבן.
זעמדלעך אויבן, זעמדלעך אונטן,
אינדערמיט און אין די גרונטן.

קען אַ זעמדעלע פון אויבן
זיך נישט יחוסן און לויבן:
„איך בין פון די העכסטע שטאַמען!"
וואָרן באַרג איז — אַלע צוזאַמען.

טו.

## סוד און דרוש

יעדער פויער איז אַ למדן
אין דער ערד, אין אירע זאַמדן,
ווי ס'איז דער בן-תורה — אויבן.
ביידע זענען גלייך דערהויבן.

ס'איז די ערד דעם פויערס ספר
און ער ווייס: ס'איז אָפר... עפר.
מענטשנס מי און בוראס רצון
מאַכן שורות תבואה שפּראָצן.

אלה תולדות ווייץ און קאָרן,
ציבעלעס און קאַלאַפּיאָרן:
זאַמענדלעך און זון און רעגן —
מזל-טוב אויף אַלע וועגן.

ציִען זיך די שורות זאַנגען,
פול מיט חכמה, פול מיט קלאַנגען,
מיט געווירציקע פּירושים,
וואָס פאַרשיכורן די חושים.

סוד און דרוש אין יעדן בלעטל,
ווי אַ סוגיא, ווי אַ פּשטל —
אין די בעבלעך, אין די שויטן,
אין די מערן, אין די קרויטן.

און דער פּויער — אַזאַ למדן —
לערנט תורה אין די זאַמדן:
ספר ערד, מסכתא זאָמען,
פּרק היי — ונאמר אָמן.

טז.

## י י ד י ש  ג ר י נ ס

ליגט דער פויער זיך אַנידער,
אויסצורוען זיינע גלידער,
צווישן גאַרבן, צווישן סטויגן —
מיט פאַרמאַכטע אויגן.

זעט ער: ס׳איז די גאַנצע סביבה
אַ גרינגראָזיקע ישיבה.
ס׳שאָקלען פרום זיך גרינסן, בלעטלעך
איבער טיפע פּשטלעך.

הערט ער ווי רב פּאַסטערניאַקל
דרשנט: ס׳איז די ערד סך־הכל.
און רב ריבל פון בית רעטאַך
לערנט: אַלץ איז שטח.

תנו בוריקלעך און קרייטער:
אַלץ איז עתיד, אַלץ איז ווייטער.
שנאמר: לך־לך — געגאַנגען,
ווי דער ווינט דורך זאַנגען.

דבקהעט זיך רב אַרבעס־שויטל:
ערד איז שאָלעכץ בלויז, אַ הייטל.
ס׳אַרבעסל, דעם תוך דערינען,
דאַרף מען צו געפינען.

קוועלט דאָס פֿויערל צופֿרידן,
וואָס אַפֿילו גרינס ביי ייִדן,
שאַר־ירקותן און בשמים
רעדן ווי חכמים.

יז.

## עַל הַנִסים

על הנסים — יעדע רגע,
יעדער פוס-טריט איז אַ נס;
נס פון פיר און צוואַנציק שעהען
דער מֵעֵת-לְעֵת.

נס אין יעדן שלאָג פון דופק,
נס אין יעדן קלאַפּ פון האַרץ;
נס איז גרין, אין בלאָ, אין גינגאָלד
און אין שוואַרץ.

נס אין וואָרט און נס אין שווייגן,
נס אין וואַסער און אין פלאַם;
נס איז סוד און נס איז נגלה,
תוך און שטאַם.

נסים אויבן, נסים אונטן,
אין געטראַנק, אין ביסן ברויט;
נס אין בליִען, אין געבוירן
און אין טויט.

נס — דאָס וווּנדער, וואָס נאַטירלעך,
נס — נאַטירלעך, וואָס איז סוד;
נס איז איינסקייט פון יצירה,
מענטש און גאָט.

על הנסים — פון די נסים,
וואָס מיר זעען אין מעת-לעת —
איז דער גרעסטער נס: דאָס וויסן,
אַז ס'איז נס...

יח.

## ווערטער

ווערטער זענען קליידער,
פאַרביקע מלבושים —
פאַרן ציטער־פלאַטער
פון די חושים.

העמדער, שיך און מאַנטלען,
אַלע מינים מאָדעם —
פאַר געפיל און שכל
און אגדהס...

מעסט־אָן דיינע ווערטער,
ווי די קליידער דיינע —
פּאַסן זאָל דיין זאָגן
און דיין טענה.

טו דעריבער, מענטש, זיך
אָט אַזאַ מין נדר:
האַלטן ריין די ווערטער,
ווי די קליידער.

האַלטן ריין די קליידער,
ווי דיין לייב און גלידער;
און זאָל דיין נשמה
זיין אַ סידור.

ווערטער אינעם סידור,
תפילות אין די ווערטער;
שטיי פאַר גאָט אַ ריינער,
גאָטס באַשערטער!

# תוכן־אינהאלט:

## אָמַר רֶב יוֹחָנָן הַסַּנְדְּלָר



## אמר ר׳ יוחנן הסנדלר